# זאָל זיין שלום

## פערזאָנען און סימבאָלן

ערשטער אינגל
צווייטער אינגל
דריטער אינגל
מאַרס
שלום
טויט
הונגער
פייער
גערעכטיגקייט
העראָלדן
נביא
י. ל. פרץ

פעלקער און ראסן

דער פארנעם פון דער פאַרשטעלונג איז פיל אָפּהענגיג פון דער צאָל קינדער וואָס באטייליגן זיך. וואָס מער פעלקער און ראסן עס זיינען רעפּרעזענטירט, אלץ רייכער אין פארבן און אלץ שטארקער אין איינדרוק איז די שפּיל.

די לידער און די טענץ פון די פארשיידענע פעלקער קלויבט מען אויס פון זאמלונגען וואָס מען קאָן לייכט קריגן אין יעדער ביבליאָטעק. דער טעקסט ווערט, פארשטייט זיך איבער־געזעצט אין אידיש, אָדער די מעלאָדיע ווערט אדאָפּטירט פאר ווערטער וואָס האָבן א פארבינדונג מיט דער שפּיל.

אָנווייזונגען בנוגע די קאָסטומען פון אלערליי פעלקער זיי־נען פאראן אין יעדער ענציקלאָפּעדיע און אין „בוק אָוו נאלעדזש".

(א שפיל פּלאַץ אין א פּארק אָדער שול גאָרטן. אינגלאך שפּילן באָל, דאָ און דאָרט ליגט א קינד אויפן גראָז און לייענט א בוך אָדער א זשורנאַל, מיידלאך שפּרינגען איבער שטריקלאך און זינגען. עס הערט זיך דאָס שפּילן פון א מיליטערישן מארש. די קינדער שטעלן אָן די אויערן צו דער זייט פון וואנען די מוזיק טראָגט זיך. דער מארש ווערט אַלץ קלאָרער און קלאָרער, מען קאָן שוין הערן דעם טראָמפּ־טראָמפּ פון פיס צום טאקט פון דעם מארש. די קינדער לויפן צו דער זייט מיט א פרייד „א פּאראַד! א פּאראַד!", זיי בלייבן שטיין און קוקן דורך דיביימער.)

ע ר ש ט ע   א י נ ג ל : זעט נאָר וויפיל סאָלדאַטן! זיי גייען און גייען און עס ציט זיך נאָך.

צ ו ו י י ט ע   א י נ ג ל : עס איז שיין צו קוקן ווי סאָלדאַטן מאַרשירן. איינס, צוויי, איינס, צוויי!

ד ר י ט ע   א י נ ג ל : און די אָפיצירן טראָגן אַזוינע שיי־נע יוניפאָרמען. זעט נאָר, יענער אויפן פערד מוז אַוואַדע זיין א גענעראַל!

ע ר ש ט ע   א י נ ג ל : איך וואָלט וועלן זיין א גענעראַל און פאָרן פאָראויס אויף א וויים פערד.

צ ו ו י י ט ע   א י נ ג ל : קומט, קינדער, לאָמיר נאָכגיין נאָכן פּאַראַד.

ד ר י ט ע   א י נ ג ל : שאַ, אָט גייט איינער פון זיי אַהער צו אונדז.

ע ר ש ט ע   א י נ ג ל : יאָ, ער לאָזט זיך גיין אַהער. דאַכט זיך נאָך אים גייען נאָך צוויי.

(די קינדער קוקן זיך איבער, מאכן א דורכגאנג, עס קומט אריין א געשטאַלט באוואָפּנט און באפּאנצערט פון קאָפּ ביז די פיס. די קינ־דער קוקן צו אים ארויף מיט מורא און באוואונדערונג.)

מ אַ ר ס : וואָס זייט איר אַזוי שטיל, קינדער? וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן?

צ ו ו י י ט א י נ ג ל : מיר האָבן געקוקט אויף די סאָל־דאַטן אין פּאַראַד.

מ אַ ר ס : עס איז שיין צו קוקן ווי סאָלדאַטן מאַרשירן, יאָ? סאָלדאַטן זיינען אַלעמאָל שיין. זיי מאַרשירן מיט פעסטע טריט צום טאַקט פון מוזיק, די קעפּ פאַרריסן, די ברוסטן פאָראויס (אָט אַזוי) און זייערע שווערדן גלאַנצן אין דער זון. אַ שיין בילד, ניט אַזוי?

ד ר י ט א י נ ג ל : ווער ביסטו?

מ אַ ר ס : איך? איך בין דער עלטסטער איבער אַלע אַר־מייען פון דער וועלט.

ע ר ש ט א י נ ג ל : וואָס טוסטו דאָ? פאַרוואָס מאַר־שירסטו ניט פאָראויס אין פּאַראַד?

מ אַ ר ס : אָ, דו ביסט נאָך אַ קינד. דו פאַרשטייסט ניט. איך דאַרף ניט מאַרשירן פאָראויס אין פּאַראַד. איך בין מיט זיי אַלעמאָל. איך בין אין זייערע הערצער.

צ ו ו י י ט א י נ ג ל : איך פאַרשטיי ניט וואָס דו רעדסט, ווער ביסטו? אַ גענעראַל?

מ אַ ר ס : האַ, האַ, האַ! אַ גענעראַל! איך בין דער גע־נעראַל איבער אַלע גענעראַלן. זיי פאָלגן יעדן באַגער מיינעם. זיי זיינען מיינע געטרייע דינער. איך בין מאַרס, דער האַר פון מלחמה.

ק י נ ד ע ר : דער האַר פון מלחמה!

מ אַ ר ס : איר האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט פון מיר? מיין נאָמען איז באַרימט פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן. מיליאָנען מענטשן דינען צו מיר. פון אייביק אָן ברענגען זיי מיר קרבנות. איר וועט אויך דינען צו מיר.

ק י נ ד ע ר : דינען צו דיר? וואָס מיינסטו? ווי אַזוי?

**מאַרס**: איר וועט עלטער ווערן, וועט איר קלוגער ווערן. **איר וועט דינען צו מיר ווי אַלע מענטשן, פון אייביק אָן. איר וועט** אויסוואַקסן שטאַרקע, געזונטע יונגען, און איר וועט גייען אויף מלחמה מיט די שונאים פון אייער פאָטערלאַנד.

ערשט אינגל: און איך וועל זיין אַ גענעראַל?

צווייט אינגל: מיר וועלן מאַרשירן אין פּאַראַד?

מאַרס: געוויס. איר וועט זיין באַוואָפנט מיט שאַרפע שווערדן און איר וועט זיך אַרויסלאָזן איינגעמען ווייטע לענדער. איר וועט צוריקקומען העלדן, און אַלע וועלן אייך באַוואונדערן.

(בשעת ער רעדט באַווייזט זיך אין דער אנדערער זייט א געשטאַלט, דער „גייסט פון שלום".)

שלום: הערט זיך ניט צו צו אים, קינדער. ער וויל שוין אייך אויך פאַרפירן ווי ער האָט עס געטאָן מיט מיליאָנען אַנ־דערע. הערט אים ניט!

(די קינדער דרייען זיך אום איבעראַשט)

מאַרס (גלייך ווי גאַרניט געהערט): איר וועט זיך צע־שפּרייטן מיט געפּאַנצערטע שיפן איבער אַלע ים'ען, און אונטער־טעניק מאַכן פיל אינדזלען, און איר וועט פליען מיט עראָפּלאַנען אונטער די וואָלקנס, און . .

שלום (מאכט א טריט פאָראויס): ניין, קינדער, איר זאָלט דאָס ניט טאָן! איר זאָלט אים ניט פאָלגן און צו אים ניט דינען. ער רעדט אייך אָן צו טאָן שלעכטס. איר האָט געזען די סאָלדאַטן וואָס האָבן ערשט פאַרביימאַרשירט? דאָס שיקט מען זיי צו פאַרכאַפּן פרעמדע לענדער, מאָרדן מענטשן, פאַרברענען שטעט און דערפער, פאַרוויסטן פעלדער און וועלדער. זיי וועלן ברענגען טויט, הונגער און נויט צו אומשולדיקע מענער פרויען און קינדער.

קינדער: ווער ביסטו?

שלום (דערנענטערט זיך): איר האָט געהערט מיין נאָמען, קינדער. איך בין דער גייסט פון שלום. איך קום פאַרטרייבן דעם

האר פון קריג. איך קום איינפלאַנצן אין די הערצער פון אַלע מענטשן איבער דער גאַרער וועלט ליבע און פריינטשאַפט.

מ א ר ס : כאַ, כאַ, כאַ ! וואָס רעדט זי דאָרטן ? לאָזט זי דאָרט אַליין. קיינער הערט זיך ניט צו צו אירע רייד. אומעטום לאַכט מען פון איר. קומט מיט מיר, קינדער !

ש ל ו ם : גייט ניט מיט אים! פאַרטרייבט אים! פאַרשטעלט אייערע אויערן און פאַרמאַכט אייערע הערצער אַז דער סם פון זיינע רייד זאָל ניט דערגיין צו אייך. זעט נאָר זיינע שטענדיקע באַגלייטער. וואוהין ער קומט, ברענגט ער זיי אויך מיט זיך.

(די קינדער קוקן זיך ארום. עס באווייזן זיך רעכטס און לינקס פון „מארס" די געשטאַלטן פון „טויט" און „הונגער" שטילע טאַבלאָ).

ק י נ ד ע ר (רוקן זיך אָפּ מיט שרעק) : אָ !

ש ל ו ם (נעמט זיי ארום ווי א באשיצערין) : האָט ניט קיין מורא פאַר זיי, זיי קענען אייך קיין שלעכטס ניט טאָן ווען איר זייט מיט מיר. פאַרטרייבט זיי. האַסט זיי !

(די קינדער פארשטעלן זייערע פּנים'ער, מארס און זיינע באגלייטער פארלאָזן דעם פּלאַץ).

(א ווײַלע איז שטיל, די קינדער קוקן נאָך די אוועקגייענדיקע.)

ע ר ש ט ע א י נ ג ל : פאַרוואָס פאָלגן אים מענטשן אויב ער ברענגט אַזויפיל אומגליקן אויף דער וועלט ?

ש ל ו ם : אָ, מיין קינד, ווען די מענטשן זאָלן וויסן, ווען די מענטשן זאָל נאָר קומען צום שכל, וואָלט שוין לאַנג קיין מלחמות ניט געווען.

צ ו ו י י ט א י נ ג ל : פאַרוואָס דערציילסטו זיי ניט וועגן דעם ?

ש ל ו ם : ניט אַלע ווילן מיך הערן. ניט אַלע ווילן מיך פאָלגן. דערווייל איז ער נאָך שטאַרקער פון מיר.

ד ר י ט א י נ ג ל : מיר וועלן דיך פאָלגן.

ש ל ו ם : איר זייט גוטע קינדער. איר האָט ריינע גוטע הערצער. ווען איר וועט אויסוואַקסן וועט איר מיר העלפן ברענגען שלום אויף דער וועלט. ווען אַלע קינדער וועל אַזוי טאָן, וועט

מיין נאָמען זיין אויף די ליפּן פון יעדן איינעם, און שלום וועט הערשן אויף דער וועלט.

קינדער: ווען וועט שוין זיין אזוי?

קינדער: ווען וועט שוין קומען די צייט?

קינדער: דערציייל אונדז פון יענער גוטער צייט.

שלום: די גוטע צייט וועט קומען, ליבע קינדער. זי פאַרזאַמט זיך, אָבער זי וועט קומען. קומט, קינדער שטעלט זיך ארום מיר, וועל איך דערציילן ווי די שלום צייט וועט קומען.

(„שלום" מיט די קינדער ארום איר גרופּירן זיך אין צענטער פון דער בינע. „שלום" זעצט זיך אויף אן אונטערגעשניטענעם שטאם פון א בוים, ווי אויף אַ טראָן, די קינדער מיט די אויגן געווענדט צו איר. טאַבלאָ. דער פאָרהאנג לאָזט זיך אראָפּ א ווײַלע, און עפנט זיך באלד ווידער.)

שלום: . . . און עס וועט אויפגיין אַ נייע זון אויף דער ערד. נייע לידער וועלן זיך טראָגן איבער דער וועלט. עס וועלן קומע נייע צייטן, בעסערע צייטן. עס וועלן מקוים ווערן די רייד פון דעם נביא.

(עס ווערט טונקל, און פון דער טונקלקייט דערטראָגט זיך דאָס קול פון דעם נביא. ביסלאכווייז אנטפּלעקט זיך זיין געשטאַלט שטייענדיק מיט אן אויסגעשטרעקטער האנט און א שטראַלנדיק פּנים.)

נביא: . . . און עס וועט קומען א צייט, און די פעלקער וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אין אַקער־אייזנס, און זייערע שפּיזן אויף גאָרטן־מעסער. אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט ניט אויפהויבן מער קיין שווערד, זיי וועלן ניט לערנען מער קיין מלחמה.

(עס הערט זיך פון ווייטנס דער קלאנג פון אייזן אויף אייזן אין אַ שמידעריי. טאַבלאָ פון שמידער ביי דער ארבעט.)

. . . און אַ וואָלף וועט וואוינען מיט אַ שעפּס, און אַ טיגער וועט ליגן מיט אַ ציגעלע, און אַ קאַלב און אַ יונגער לייב און אַ פעטער רונד וועלן פּיטערן אינאיינעם, און אַ קליין קינד וועט זיי פירן.

(עס פאלט דאָס ליכט אויף א גרופּע צופוסנס פון נביא, וואָס שטעלט פאָר דאָס בילד פון „אייביגן שלום".)

ש ל ו ם : (ווערט ווידער באַלויכטן מיט די קינדער אַרום איר) . . . און עס וועלן זיך ציען די פעלקער פון דער גאַנצער ערד צו דעם פלאַץ פון גערעכטיקייט. זיי וועלן אויסשטרעקן איינער דעם אַנדערן אַ ברודערליכע האַנט, און זיי וועלן שליסן אַ בונד פון שלום אויף אייביק.

(עס באַווייזן זיך פון ביידע זייטן בינע צוויי העראָלדן און זאָגן אָן די בשורה.)

ה ע ר אָ ל ד ן : זיי קומען, די פעלקער.
פון נאָענט און ווייט.
זיי קומען אָן וואָפן,
זיי קומען אָן שנאה,
נאָר ליבע אין האַרצן,
און געזאַנג אויף די ליפּן.
אַ, הערט אַלע, הערט!

(עס מאַרשירן אַרויף גרופּע נאָך גרופּע קינדער אין די נאַציאָנאַלע קאָסטיומען פון פאַרשידענע פעלקער, און אין הויט־פאַרבן פון אַלע ראַסן. יעדעס פאָלק טאַנצט אַ נאַציאָנאַלן טאַנץ, און זינגט פון די לידער פון לאַנד. דאָס ליכט פאַלט אויף אַ פיגור פון י. ל. פּרץ אויף אַ פּעדעסטאַל. אַ ווײַלע אומבאַוועגלאָך, הויבט אויף אַ האַנט און רעציטירט:)

אַלע מענטשן זייען ברידער —
רויטע, געלע, שוואַרצע, ווייסע,
לענדער פעלקער און קלימאַטן —
ס'איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה.

שוואַרצע, ווייסע, רויטע, געלע
מישט די פאַרבן אויס צוזאַמען.
אַלע מענטשן זיינען ברידער
פון טאַטן און איין מאַמען.
(י. ל. פּרץ)

(די פעלקער דערנענען איינער צום אַנדערן, שטרעקן זיך די הענט, מישן זיך אויס איינער צווישן אַנדערן צום טאַקט פון מוזיק. דער פאָרהאַנג לאָזט זיך לאַנגזאַם אַרונטער.)

# אין די בלויע בערג

(א קעמפ מעשהילע)

## פערזאָנען

| | |
|---|---|
| בעני | אהרן |
| חיים | אַרנאָלד |
| מאַרווין | מאָרים |

(אינגלאך אין די יאָרן 10-12)

דניאל, קאונסילער

קעמפּערס, אינגלאך און מיידלאך פון פארשיידענעם עלטער

די בינע איז אין גרינעם איינגעטונקען, און טונקעל בלוילאך באלויכטן. די שפילער זיינען זומערדיג-לייכט, קעמפ-מעסיג אָנגעטון.

## ערשטע סצענע

(די אינגלאך פון דער עלטערער גרופּע זיצן אין פארשיידענע פּאָזעס אין א קרייז, אויפן גראָז, און ענדיקן פּלענער פאר א פּראָגראם ארום דעם קעמפּ־פייער וואָס וועט פּאָרקומען אין א פּאָר שעה ארום. ארנאָלד ליגט אין א זייט און שטרענגט זיך אָן צו לייענען אין דער האלב טונקלקייט.)

ב ע נ י : אָט זיינען מיר שוין פארטיג. מיר וועלן האָבן אַ שיינע פּראָגראַם.

ח י י ם : איצט דאַרפן מיר נאָך אָנקלייבן גענוג האָלץ אויף אַ שיינעם גרויסן פייער. איך האָב ליב צו קוקן ווי דאָס פייער פאַרמעסט זיך מיט די העכסטע ביימער, און וויל נאָך איבערשטייגן די בערג אויך.

א ה ר ן : האָסטו אַמאָל געבאַפּט אַ קוק אין וואַלד אריין ווען מיר זיצן ארום אַ קעמפּ פייער?

מ אַ ר ו ו י ן : בררר . . . איך האָב מורא דעם קאָפּ אויס־צודרייען אַהין. ווי פינסטער דער וואַלד איז דאָן! איך וויל ניט קוקן, אָבער די אויגן ציען זיך אליין אַהין אין דער פינסטערניש אריין.

מ אָ ר י ס : איך פיל אויך דאָסזעלבע. אָפט מאָל ווייזט זיך מיר אויס אַז פון אונטער יעדן בוים קוקן אַ פּאָר אויגן, שטעקט ארויס אַ קאָפּ. איך ווייס אַז עס איז נאַרישקייטן. קיינער איז דאָרט נישטאָ, אָבער יעדעס מאָל ווען מיר האָבן אַ פייער, וואַרט איך אַז אָט־אָט וועט „עפּעס" פון דאָרט ארויס.

ב ע נ י : דערציילט דאָס ניט די קלענערע קינדער. זיי וועלן

שוין אויף אַן אמת מורא קריגן. (ציט זיך אוים אויפן גראָז מיטן פּנים ארויף.) האָ, אַט איצט איז די בעסטע צייט אין קעמפּ. אַ גאַנצן טאָג איז היים און ס׳ליגט ניט אין קאָפּ צו קוקן ווי שיין דאָ איז.

אַ ה ר ן : אַז עס קומט פאַרנאַכט, אַט אין דער צייט, טראַכט איך אַלעמאָל פון דער היים.

מ אַ ר ו ו י ן : וואָס איז? דו בענקסט נאָך דער שטאָט? איך ניט.

אַ ה ר ן : איך בענק ניט . . . איך טראַכט נאָר אַזוי . . . ווי זעט דאָרט אַלעם אוים . . אונזער . . . די גאַס . . .

(הויבט אָן שטילערהייט זינגען, די קינדער כאַפּן אונטער, „זומער אָוועגט“ (געלבארט: לאָמיר קינדער זינגען“.)

ח י י ם : וואו איז ערגעץ אַרנאַלד? זעט נאָר ווי ער איז נאָך אַלץ פאַרטיפט אין זיין בוך.

מ אַ ר י ס : עס מוז זיין אַ גוטער בוך, אויב ער איז אַזוי פאַרטיפט אין אים.

ב ע נ י : אַרנאַלד ווייסט נאָר איין זאַך: לייענען און לייענען. צו וואָס איז ער געקומען אין קעמפּ אריין? לייענען ביכער האָט ער דאָך געקענט אין שטאָט אויך?

מ אַ ר ו ו י ן : און איך האָב געזאָגט „גוט־באַי“ צו מיינע ביכער אַזוי גיך ווי איך האָב איינגעפּאַקט מיינע זאַכן, און וועל נאָך זיי ניט בענקען ביז איך וועל זיך אומקערן צוריק אין שטאָט אריין.

אַ ה ר ן : עס איז שוין אָבער צו טונקעל צו לייענען אַ בוך. (רופט אים.) אַרנאַלד, גענוג שוין לייענען. עס איז ניט גוט פאַר די אויגן צו לייענען אין אָוונט.

ב ע נ י : קום בעסער הערן אונזער פּראָגראַם פאַר דעם קעמפּ־פייער.

אַ ר נ אַ ל ד : (שטייט אויף און לאָזט זיך צוגיין, ניט ארויס־נעמענדיג די אויגן פון בוך) אַט ענדיג איך שוין. נאָך אַ פּאָר שורות ביז איך פאַרטיג.

מ אַ ר י ס : עפּעס אַ שיינע מעשה?

אַ ר נ אָ ל ד : אַ שיינע מעשה? דאָס בוך איז פול מיט אינטערעסאַנטע לעגענדעס. איך האָב זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן ביז דער לעצטער שורה.

אַ ה ר ן : וועסט אונדז עפּעס דערציילן פון דעם בוך באַם קעמפּ־פייער?

אַ ר נ אָ ל ד : אפשר. איך האָב אָבער מורא אַז די קלענערע קינדער וועלן ניט פאַרשטיין, און אייניגע מעשה'ס זיינען אומעטיגע.

מ א ר ו ו י ן : אַ, איך האָב ניט ליב קיין אומעטיגע מעשה'ס.

ח י י ם : אומעטיג צי פריילאַך, דער עיקר עס זאָל זיין אַן אמת'ע מעשה. איך בין שוין מיד צו הערן בבאַ־מעשה'ס.

אַ ר נ אָ ל ד : איך ווייס ניט צי זיינען דאָס אמת'ע מעשה'ס, אָבער זיי זאָלן זיך אַלע האָבן געטראָפן אין די בלויע בערג.

ב ע נ י : אין די בלויע בערג? דאָ וואו אונדזער קעמפּ געפינט זיך?

אַ ר נ אָ ל ד : אָט זע. (ווייזט דאָס בוך) דאָס בוך הייסט „בלו מאונטיין סטאָרים".

מ אַ ר ו ו י ן : אפשר האָבן זיך טאַקע די מעשה'ס געטראָפן דאָ אויף דעם פּלאַץ וואו מיר זיצן יעצט?

אַ ר נ אָ ל ד : עס קאָן זיין.

מ אָ ר י ס : איך האָב שוין מורא צו זיין דאָ. ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שרעקלאכע זאַכן עס האָבן דאָ פּאַסירט.

אַ ר נ אָ ל ד : נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. די אַלע לעגענדעס זיינען פון די צייטן ווען די אינדיאַנער האָבן נאָך געלעבט דאָ אין די בלויע בערג.

ח י י ם : אָ, אינדיאַנער? גוט! (רייסט זיך אויף און לאָזט זיך אוועק אויף שפּאַס אין אַן אינדיאַנער מלחמה־טאַנץ.)

ד נ י א ל : (קומט אָן) שטייט נאָר, שטייט נאָר, וואַרט נאָר אויס אַ ווייל'ע מיטן טאַנצן. באַהאַלט די טענץ פאַרן קעמפּ־פייער. זייט איר שוין בעסער פאַרטיג מיט אייער פּראָגראַם פאַרן אָוונט?

ב ע נ י : דאָ האָבן מיר די גאַנצע פּראָגראַם אויסגעשטעלט. (אַלע שטעלן זיך ארום דעם קאונסילער. בעני לייענט פון אַ פּאַפּיר.)

1. מאכן דאס פייער פונקט אכט אַ־זייגער.
2. געזאַנג פון אַלע קעמפּערס.
3. פאַרלייענען די קעמפּ צייטונג.
4. געזאַנג פון כאָר פון דער עלטערער גרופּע.
5. טענץ פון די מיידלאַך.
6. דערציילן אַ מעשה.

ד נ י א ל : אַ פיינע פּראָגראַם. מיר קאָנען זיך ריכטן אויף אַ שיינעם אָוונט. דער הימל איז אַ קלאָרער, עס וועט זיין אַן אויסגעשטערנטע נאַכט. איך קום ערשט פון דער טאַנץ לערערין, די טענצער זיינען גרייט, און די צייטונג איז שוין אויך פאַרטיג. נו, און ווער וועט דערציילן אַ מעשה?

א ה ר ן : ארנאָלד, פאַרשטייט זיך.

מ אַ ר י ם : ווער נאָך לייענט עס אזויפיל ווי ער?

ח י י ם : וואָס וואָלטן מיר געטון אַן דיר אין קעמפּ, ארנאָלד?

ד נ י א ל : לאַכט ניט, ער איז אַ וואוילער בחור. וואָס וועסטו דערציילן, אַרנאָלד?

אַ ר נ אָ ל ד : אַן אינדיאַנער מעשה, פון דעם בוך. (ווייזט אים דאָס בוך) איך דענק אַז איך וועל דערציילן די לעצטע מעשה אין בוך, „דער ריז“.

ד נ י א ל : (באטראכט דאָס בוך) „בלו מאָונטיין סטאָרים“. גוט. איך געדענק ניט צי האָב איך אַמאָל געלייענט די מעשה „דער ריז“. איך פאַרלאָז זיך אויף דיר אַז עס איז גוט. און יעצט, חברה, קומט אין וואַלד אריין נאָך צווייגן.

(אלע לאָזן זיך אין וואלד אריין מיט א טומל)

## צווייטע סצענע

(ארום א לוסטיג פייער זיצן, ליגן, און שטייען קינדער פון פארשיידענעם עלטער. דער פאָרהאנג עפנט זיך ווען די קינדער אפלאָדירן א נאָר־וואָס אָפּגעזונגען ליד פון דעם כאָר פון די עלטערע קינדער וועלכע שטייען אין צענטער. דער כאָר זינגט נאָך א פּאָר לידער.)

ד נ י א ל : און יעצט, קינדער, ווען מיר מאַכן ברייטער אביסל דעם קרייז ארום דעם פייער און עפענען אַ וועג פאַר די טענצער.

(די קינדער טוען אזוי. א גרופּע מיידלאך פירן דורך א טאנץ: „א טאָג אין לעבן פון בלומען".

טייל איינס: פרימאָרגן. דערוואכונג. אויסציען זיך מיט פרייד צו דער אויפגייענדער זון.

טייל צוויי: מיטאָג. באָדן זיך אין ליכט און ווארימקייט. מילד אויפנעמען צו גאַסט די בינען און שמעטערלינגען.

טייל דריי: אָוונט. זאט פון גליק. זיסע מידקייט. רו.

ק י נ ד ע ר : (אפּלאָדירן) נאָך, נאָך אַ טאַנץ.

ט ע נ צ ע ר : (א צווייטע גרופּע טאנצט „א זומער נאכט אין וואַלד": וואַלד פּייעס, ריטעלאך, שפּילן זיך אין לבנה שיין.)

ד נ י א ל : יעצט, קינדער, וועלן מיר צוקומען נעענטער צום פייער און זיך שטיל, שטיל איינהערן צו אַן אינדיאַנער מעשה'לע „דער ריז".

אַ ר נ אָ ל ד : אַמאָל, אַמאָל, דערציילן די אַלטע לייט, איז די מעשה געשען. אין אַ שיינעם זומער פרימאָרגן, ווען די אינ־

דיאַנער פֿון טאָל זײַנען אַרויסגעקומען פֿון זייערע וויגוואַמס, האָבן זיי דערזען ווי פֿון שפּיץ באַרג לאָזט זיך אַראָפּ אַ מוראַ'דיקער ריז. הויך און שטאַרק ווי אַ בוים, קומט ער אַלץ נידעריקער און נידעריקער אין טאָל אַרײַן. האָבן די אינדיאַנער ניט געוואוסט צי קומט ער ווי אַ פֿרײַנט, צי ווי אַ פֿײַנט. נאָר ווען זיי האָבן פֿון דער נאָענט געזען זײַנע גוטע, ליכטיקע אויגן, און דעם ברייטן שמייכל אויף זײַן זוניק פּנים, האָב זיי אים ווי אַן אַנגעלייגטן גאַסט אויפֿגענומען. דער ריז האָט זיך מיט די קינדער געשפּילט און זיי אַלערליי קונצן אויסגעלערנט. ער האָט געהאָלפֿן די פֿרויען פֿײַער מאַכן און קאָרן מאָלן. ער האָט באַוויזן פֿאַר די מענער זײַנע גבֿורות און מיט זיי שעה'ן לאַנג גערויכערט און מעשׂה'ס דערציילט. אַלע האָבן דעם ריז ווי אַן אייגענעם געהאַלטן און ליב געהאַט. נאָר ניט ליב האָט אים געהאַט דער עלטסטער פֿון דאָרף. ער האָט קרום געקוקט אויף די גבֿורות וואָס דער ריז באַווײַזט, און ניט ליב געהאַט האָט ער די מעשׂה'ס וואָס ער דערציילט זײַנע מענטשן.

האָט דער עלטסטער בייז גערעדט אויף דעם ריז. ער האָט געוואָרנט אַז ניט צום גוטן איז ער, דער פֿרעמדער, געקומען אין טאָל אַרײַן. איבער אים וועט דער רעגן ניט פֿאַלן אין טאָל. אַ שונא וועט אויפֿן דאָרף אָנפֿאַלן.

און אַזוי לאַנג האָט דער עלטסטער אויף דעם ריז בייז אָנגערעדט ביז עס האָבן זיך געפֿונען אייניקע וואָס האָבן זיך צו זײַנע רייד צוגעהערט, און זיי האָבן אַ שרעקלאַכע זאַך אָפּגעטון.

איין מאָל ווען דער ריז איז אין וואַלד געווען, איז מען אים פֿון צווישן די ביימער באַפֿאַלן, הענט און פֿיס געבונדן, און אין אַ טיפֿער הייל פֿאַרשפּאַרט. דעם אַרײַנגאַנג האָבן זיי מיט אַ גרויסן שטיין פֿאַרשטעלט, און מיט כּישוף פֿאַרזיגעלט.

איז געליגן דער ריז אין טיפֿן הייל, און אַרויסגעשריגן פֿון האַרץ פֿון דעם באַרג. מענטשן האָבן געהערט זײַן געשריי, אָבער קיינער האָט דעם אַרײַנגאַנג צו דער הייל ניט געקענט געפֿינען. איז מען געשטאַנען פֿון איין זײַט באַרג, האָט זיך געדאַכט דאָס ברומען פֿון דעם ריז קומט פֿון דער אַנדערער זײַט באַרג. איז

מען געקומען צו יענער זייט, האָט זיך שוין דאָס קול פון ריז געטראָגן פון גאָר אַן אַנדער זייט. איז מען געשטאַנען אין טאָל האָט זיך דער רוף געלאָזט הערן פון דער הויך, איז מען געקומען צום שפּיץ באַרג, האָט זיך דאָס געבעט פון ריז געהערט פון דער נידער.

און מענטשן האָבן ניט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס ברוימען פון ריז וואָס רייסט זיך ארויס פון דעם האַרץ פון באַרג. דער טאָל איז פאַרלאָזן געוואָרן, און דער באַרג איז אויסגעמיטן געוואָרן פון מענטש און חיה און פויגל.

פון דאַן אָן איז דער באַרג פאַרשאָלטן דערפאַר וואָס ער האָלט אין זיך פאַרשלאָסן דעם ריז. קיין רעגן פאַלט אויף אים ניט. קיין בוים און קיין גראָז וואַקסט אויף אים ניט.

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט קאָן מען נאָך היינט אויך הערן אַ שווערן זיפץ און אַ טיפן ברום. דער ריז וואַרט נאָך אַלץ אַז עמיצער זאָל קומען און אים פון דעם פינסטערער הייל באַפרייען.

(די קינדער בלייבן זיצן אין טיפער שטילקייט. איינער כאַפּט זיך ארויס מיט אַ האַנט־קלאַפּ און אַלע כאַפּן דאָס אויף מיט אַ לאַנגן קלאַפּן.)

ד נ י א ל : זייער אַ שיינע מעשה'לע, אַרנאָלד, און זייער גוט דערציילט. און איצט, קינדער, אַ גוטע נאַכט. צייט שלאָפן גיין. די עלטערע אינגלאַך וועלן אויסלעשן דאָס פייער.

(די קינדער צוגייען זיך. באַם פייער בלייבן נאָר איבער די עלטערע אינגלאַך. דאָס פייער ווערט קלענער און קלענער.)

ב ע נ י : דענקסטו אַז דאָס איז אמת?

ח י י ם : וואָס איז אמת?

ב ע נ י : די מעשה מיטן ריז?

א ה ר ן : דאָס איז אַ מעשה פון אַמאָל. אין די אַלטע צייטן פלעגן זיך טרעפן אזוינע וואונדער מעשה'ס.

מ אָ ר י ס : אפשר ליגט ער נאָך היינט אויך אין די בערג, דער ריז?

מ אַ ר ו ו י ן : גיי מיט דיינע מעשה'ס. קיינער הערט ניט קיין קרעכצן און קיין זיפצן אין די בערג.

אַ ר נ אָ ל ד : דערפאַר וואָס קיינער גייט ניט אין די בערג

באַנאַכט. אפילו באַטאָג קומען ווייניג מענטשן צו דעם פאַר־שאַלטענעם באַרג.

ח י י ם : ווייסטו וואו דער באַרג איז? איז ער ווייט פון דאַנען?

אַ ר נ אָ ל ד : יאָ, ער געפינט זיך ניט ווייט פון אונדז. באַטאָג קאָן מען אים לייכט אָנזען. ער איז דער העכסטער באַרג אין געגנט. און מען קאָן אים באַלד דערקענען. אַלע אַנדערע בערג זיינען באַוואַקסן מיט וואַלד, נאָר ער איינער שטעקט ארויס מיט זיין גרויען שטיינערנעם קאָפּ.

א ה ר ן : וואו קומט ער אוים? אין וועלכער זייט ליגט ער?

אַ ר נ אָ ל ד : (צייגט לינקס) אָט, אין יענער זייט דאַרף ער ליגן.

ח י י ם : איז עס דאָך טאָקע אמת.

(אַ ווײַלע שטיל)

ב ע נ י : ווייסטו וואָס איך האָב יעצט געטראַכט?

אַ ר נ אָ ל ד : איך האָב אויך דאָסזעלבע געטראַכט.

ב ע נ י : נו, גייען מיר?

אַ ר נ אָ ל ד : איך בין גרייט.

ב ע נ י : איך אויך. קומט, חברה!

ח י י ם : וואוהין גייט איר? וואָס איז דאָס פאַר אַ סודות?

ב ע נ י : פאַרשטייסט אַליין ניט? צום באַרג.

מ אָ ר ד ו י ו : נאָך וואָס? וואָס וועט איר דאָרטן טון?

ב ע נ י : געפינען דעם אריינגאַנג אין הייל.

אַ ר נ אָ ל אָ : און באַפרייען דעם ריז.

א ה ר ן : אַז קיינער האָט ביז היינט ניט געקאָנט דאָס אויפטון, וועט איר דאָס יאָ קאָנען טון?

מ אָ ר י ס : אין דער נאַכט וועט איר זיך לאָזן גיין אין די בערג?

ח י י ם : איך וועל אייך ניט לאָזן. דאָס איז אַ משוגעת.

ב ע נ י : עס וועט דיר ניט העלפן. מיר גייען, און דו לייג

זיך שלאָפן און דערציייל קיינעם ניט. מיר וועלן זיין צוריק נאָך איידער דער קעמפּ וועט אויפשטיין אינדערפרי.

ח י י ם : אויב איר גייט, וועל איך אייך מיטגיין.

ב ע נ י : אָט אזוי רעדסטו ווערטער. ווער נאָך גייט מיט אונדז ?

מאָרים, מארווין און אהרן : מיר גייען מיט אייך.

ב ע נ י : ניט געשטאַנען. אויסלעשן דאָס פייער און געגאַנגען אין טומעל.

(די קינדער לעשן אוים דאָס פייער, און לאָזן זיך איינס נאָך איינס נאָך בעניין וואָס גייט פאָראוים מיט אן אָנגעצונדען וואַרף־ליכט.)

## דריטע סצענע

(דאָסזעלבע פּלאַץ ווי אין די פריערדיקע סצענעס. דניאל און עטלאַכע קינדער זיצן אומעטיק־שטיל ארום דעם אש פון נעכטיקן קעמפּ־פייער. דאָס בוך ליגט אויפן גראָז. אָוונט.)

ח נ ה: (קומט אָן פון וואַלד פאַרמאַטערט) נו, וואָס הערט זיך?

ד נ י א ל: זעסט דאָך וואָס עס הערט זיך. שוין אַלע צוריקגעקומען מיט גאָרניט, גלייך מיט דיר.

ש ר ה: וואָס זאָלן מיר טון?

ר ח ל: זיי וועלן נאָך פון הונגער אויסגיין.

ד נ י א ל: די בערג זיינען פול מיט פרוכט ביימער און מיט יאַגעדעס. דערפאַר האָב איך קיין מורא ניט. איך האָב נאָר מורא אַז זיי וועלן ניט קענען טרעפן צוריק דעם וועג אין קעמפּאַריין.

מ ר י ם: אָ, פאַרוואָס זיינען זיי אַוועק, די אינגלאַך?

ח נ ה: אינגלאַך קענען קיינמאָל ניט איינזיצן אויף איין אָרט.

ש ר ה: אפשר דאַרף מען לאָזן וויסן זייערע עלטערן?

ד נ י א ל: ניין, קינדער. מען דאַרף זייערע עלטערן ניט איבערשרעקן. איך האָב אַ געפיל אַז זיי וועל נאָך היינט צוריקקומען. זיי זיינען ניט ווייט פון דאַנען.

ר ח ל: ניט ווייט פון דאַנען? פון וואַנען ווייסט איר דאָס?

ד נ י א ל: דאָס בוך האָט מיר אַלעם דערקלערט. זיי זיינען אַוועק צו דעם באַרג מיט דער פאַרכּישופטער הייל.

ק י נ ד ע ר: אָ!

ח נ ה: איר מיינט די מעשה וואָס ארנאַלד האָט נעכטן דערציילט?

ש ר ה : טאַ לאָמיר גיין אַהינצו צום באַרג.

ד נ י א ל : ניין. אומזיסט די אַרבעט. מיר וועלן זיי אויפן וועג אויסמיידן. זיי מוזן שוין אודאי זיין אויפן וועג צוריק.

מ ר י ם : מיר דאַרפן דאָך אָבער פּאַרט עפּעס טון. זיי וועלן נאָך פאַרלוירן גיין אין די בערג.

ד נ י א ל : זאָרגט ניט, קינדער. פאָלגט מיך און גייט לייגט זיך אויסרוען. איר זייט אַלע פאַרמאַטערט. און איך וועל מאַכן אַ פייער און וואַרטן די גאַנצע נאַכט.

מ ר י ם : איך וועל זיצן מיט אייך.

ק י נ ד ע ר : מיר וועלן אַלע זיצן אַ גאַנצע נאַכט.

ד נ י א ל : עס איז זייער שיין פון אייך, קינדער, אָבער איך בעט אייך איר זאָלט מיך לאָזן אַליין. איר דאַרפט זיך אויסרוען. ווער ווייסט, אפשר וועט איר נאָך מאָרגן אויך דאַרפן ארומגיין איבערן וואַלד. אַ גוטע נאַכט.

(מיידלאך פאַרלאָזן דאָס פּלאַץ אָן חשק. דניאל מאַכט א פייערל. בלעטערט דאָס בוך.)

ד נ י א ל : טייערע, נאַיווע קינדער. זיי האָב זיך אַוועקגעלאָזט אויפרייסן די שטיינער פון הייל און ארויסלאָזן דעם ריז מיט די גוטע ליכטיקע אויגן אויף דער פריי. עס איז גוט צו זיין יונג און אזוי גלויבן מיטן גאַנצן האַרץ. מיט אַזאַ גלויבן קאָן מען דאָך שטיינער צומאָלן, בערג אויסרייסן, וועלטן איבערקערן. ליבע גלויביקע קינדער. (פּויזע) און פאַרוואָס ניט דעם גלויבן זייערן אין ריכטיקן שפּאַן איינשפּאַנען? פאַרוואָס ניט מיט אָט־דעם כוח אין זיי, אויף דעם ריכטיקן וועג זיי ארויספירן? א שאָד אזא ריינעם גלויבן אויף ווינט צושפּרייטן.

(פון וואלד ארויס דערהערן זיך טריט און אָפּגעהאַקטע ווערטער. דניאל הערט זיך איין. די טריט קומען נעענטער.)

א י נ ג ל א ך : (קומען ארויס מידע, די קעפּ אראָפּגעלאָזט. דערזען דניאל'ן און ווילן זיך צוריקכאַפּן.)

ד נ י א ל : איר זייט אודאי הונגעריק, קינדער. קומט גלייך אַהער ארום פייער, און איך וועל פאַר אייך עפּעס עסן ברענגען.

ב ע נ י :   מיר . . . האָבן אייך געגוג . . . זאָרג פאַרשאַפט. פאַרגיט אונדז.

ד נ י א ל :   רעד ניט קיין נאַרישקייטן. איך האָב אייך ניט וואָס צו פאַרגעבן. איר האָט קיינעם קיין שלעכטס ניט געטון.

א ר נ אָ ל ד :   איר . . . זייט ניט בייז אויף אונדז ?

ד נ י א ל :   בייז ? פאַרוואָס זאָל איך אויף אייך בייז זיין ? פאַרקערט, איך פיל זיך זייער גליקלאַך וואָס איך האָב אַזוינע בראַווע קינדער מיט מיר אין קעמפּ. איר זייט געגאַנגען טון אַ שיינעם טאַט.

ב ע נ י :   (קוקט זיך איבער מיט די אַנדערע) איר האָט געוואוסט וואוהין מיר זיינען געגאַנגען ?

ד נ י א ל :   צום ערשטן האָב איך ניט געוואוסט. דערנאָך האָב איך נאָכאַמאָל איבערגעקוקט די מעשה מיטן ריז אין בוך, און איך האָב פאַרשטאַנען.

א ר נ אָ ל ד :   אָ, איך שעם זיך אַליין, ווי נאַריש מיר זיינען.

ד נ י א ל :   איר דאַרפט זיך ניט שעמען. ניט קיין נאַרישע זאַך האָט איר געטון נאָר אַ העלדישקייט האָט איר באַוויזן. איר זעט, איך האָב אָנגעצונדען דאָס פייער פאַר אייך עס זאָל אייך באַגעגענען ווי העלדן וואָס קערן זיך אום נאָך אַ גרויסן זיג.

ב ע נ י :   די אמת'ע העלדן. איר לאַכט פון אונדז.

ד נ י א ל :   געוויס זייט איר העלדישע אינגלאַך. דאָס אַליין וואָס איר האָט געוואַגט זיך אַרויסצולאָזן אויף אייער וועג איז אַ העלדישקייט. דער וואָס האָט מוט איז אַ העלד און אַ זיגער. אויב ניט היינט, איז מאָרגן, און דער זיג מוז קומען פאַר דעם וואָס וואַגט.

א ר נ אָ ל ד :   איר מיינט אַז מיר זאָלן זיך נאָכאַמאָל אַרויס־לאָזן זוכן דעם באַרג מיט דעם פאַרזיגעלטן הייל ?

ב ע נ י :   איך האָב מורא אַז מיר וועלן שוין פאַרזאָגן אַ צענטן, אַזוינס ניט צו טאָן.

ד נ י א ל :   דאָס בין איך זיכער וועט איר שוין מער ניט טון. אָבער ניט דאָס האָב איך געמיינט. ניט דאָס איז אייער וועג, און ניט דאָס איז דער ריז וואָס וואַרט אויף אייך איר זאָלט אים קומען באַפרייען.

ארנאלד: וואָס מיינט איר? וועגן וועלכן ריז רעדט איר?

דניאל: זעצט זיך, קינדער, נעענטער לעבן מיר, וועל איך אייך דערקלערן.

אמאָל, און אויך היינט,
האָט געלעבט, און עס לעבט נאָך אַ ריז.
נאָר ניט דער ריז פון אַ מעשה׳לע בוך אויסגעטראַכט —
נאָר דער ריז פון פאַבריק,
פון דעם פעלד, פון דער שאַכט.
און געשמידט איז דער ריז,
ניט מיט שפּינוועבס אין טאָל,
נאָר אין גאַס און אויף מאַרק,
און אין קייטן פון שטאָל.
און באַפרייען דעם ריז ......
וועט קיין כּישוף־וואָרט ניט,
נאָר אַ וואָרט וואָס איז שאַרף
און אין פייער געשמידט.

קינדער: (קוקן זיך איבער, פאַרגאַפט.)
אַרנאָלד: איך פאַרשטיי וואָס איר מיינט.
דניאל: וועט איר, קינדער, אַט דעם ריז פון זיינע קייטן באַפרייען? וועט איר פאַר אים דאָס ליכט פון דער וועלט ברענגען? וועט אייער אויער און אייער האַרץ דאָס קרעכצן פון אַט־דעם ריז דערהערן און פאַרנומען?

קינדער: (מיט ציטער אין זייערע שטימען) מיר וועלן! מיר וועלן!

(דאָס פייער לויכט אויף שטאַרקער. פון דער פינסטערניש אַרום באַווייזן זיך די טענצער וואָס טאַנצן אויס: דער ריז אין קייטן. אנגסט. פאַרצווייפלונג. קאַמף. גערונגעל. גלויבן. ליכט פון האָפנונג. דער ריז אַ באַפרייטער. פרייד פון זיג.)

# אַ פרי־מאָרגן חלום

## פערזאָנען און מאַסקן

משה׳לע, א יאָר 9 - 10
שיך
זאָקן
העמדל
הויזן
היטל
אַ בוך
אַ קלענער ביכל
אַ בלייפעדער
אַ וואַנט־זייגער

א קינדער צימער גאנץ פרי. משה'לע ליגט צונויפגעדרייט אונטער דעם צודעק אין דערברייט פון בעט. איבערן צימער ליגן אין אומאָרדנונג די קליידער זיינע. אויף א טישל לעבן בעט שטייט א וועק־זייגער. דאָס ציפער־בלאט ווייזט אויף אכט א־זייגער. נאָך א רגע פון א שטילער סצענע, הויבט דער וועק־זייגער אָן צו קלינגען. משה שטעקט ארויס דעם קאָפּ, קוקט זיך ארום א פארשלאָפענער, כאפּט דעם וועק־זייגער און דרייט צוריק די ווייזערס מיט כעס. ער דעקט זיך ווידער איבער און דרייט זיך אום צו דער וואנט.

די מלבושים: (הויבן זיך אָן לאנגזאם צו רירן, אויס־גליייכן זיך, קוקן זיך איבער, און שיסן ארוים מיט א געלעכטער.)

שיד: (צו די זאָקן) ווי געפעלט אייך דער פוילער?

זאָקן: ער מיינט דאָך אַז ער איז שוין אַ גאַנצער מענטש.

העמדל: (צו די הויזן) וואָס זאָגט איר אויף דעם גרויסן חכם?

הויזן: אַ אינגעלע וואָס טראָגט שוין לאַנגע הויזן האָט געמעגט וויסן אַז עס וועט אים ניט העלפן דאָס צוריקרוקן דעם זייגער. ער וועט אַלץ איינס מוזן אויפשטיין.

היטל: ער טראָגט טאַקע לאַנגע הויזן, אָבער אַ קעפּל האָט ער נאָך אַ קליינס.

שיד: הלוואי וואָלטן די פּיסלאַך זיינע געווען קליינע, וואָלטן מיר ניט אזוי אויסגעריסן געוואָרן. זעט וואָס פאַר אַ פּנים מיר האָבן.

זאָקן: און מיר ליידן וויייניק פון אים? פון אייזן דאַרף מען דאָך זיין אויסצושטיין פון אים. אָט טוט ער אונדז אָן נייע, גאַנצע, און באַלד לעכערט ער אונדז דורך און דורך מיט זיינע פינגער.

הויזן: זע, נאָ, זע, ווי זיי האָבן זיך עס גענומען קלאָגן. איר מיינט אַז אונדז איז בעסער? נאָט זעט, (דרייט זיך ארום) איר זעט אָט־דעם רים? נעכטן אין דער צייט איז ער נאָך דאָ ניט געווען. אַז מיר פּלאַצן ניט פון אים, זיינען מיר העלדן.

העמדל: וואָס ווייסט איר דען וואָס איך דאַרף אויסשטיין פון אים? אינדערפרי טוט ער מיך אָן אַ ווייסן ווי שניי, אַז אויס־

געפּרעסטן, און ביז ער קומט אהיים פאַר מיטאָג, בין איך שוין ניט צו דערקענען. אויסגעשמירט, אויסגעקנייטשט, אַן אַ קנעפּל, ברײנגט ער מיך צוריק, און ביז איך קוק זיך ארום בין איך שוין ווידער אין קעלער צווישן די קויטיקע וועש. (זיפצט) אַ, קיינער ווייסט ניט וואָס בײַ יענעם אין האַרץ טוט זיך.

הי ט ל : נו, און איך מיינט איר לעקט בײַ אים האָניק? אַז ער האָט ניט די באַל צו די הענט, ווער איך בײַ אים אַ באַל. ער דרייט מיך צונויף ווי אַ קנויל און וואַרפט מיט מיר ווי איך וואָלט גאָר קיין היטל ניט געווען. (זיפצט) און דאָס פאַלן, אוי דאָס פאַלן. אַז מען איז קיינמאָל ניט זיכער וואו מען וועט בלייבן ליגן. אמאָל איז דאָס אויף אַ דאַך, אמאָל אויף אַ בוים, און אמאָל ווערט מען גאָר פאַרפּלאָנטערט אין די טעלעפאָן דראָטן.

(א דרייעניש מיט קעפּ, א צמאַטשקען מיט ליפּן)

ב ו ד : (ליפּט אריין מיט כעס) וואָס הערט זיך? וואָס טוט זיך דאָ? וואָס האָט איר זיך היינט אזוי צורעדט? איר ווייסט ניט אַז עס ווערט שפּעט?

ש י ך : פרעג בײַ אים. ער האָט זיך דאָך ערשט איבערגעקערט אויף דער צווייטער זייט.

ב ו ד : (גייט צו נעענטער צום בעט) ווי געפעלט אייך? ווי געפעלט אייך? און וואו איז דער וועק-זייגער? וואָס שווייגט ער?

ז אַ ק ן : דער וועק-זייגער? גיב אַ קוק וועסטו זען וואָס ער האָט מיט אים געטון?

ב ו ד : (באטראכט דעם זייגער) עס קאָן ניט זיין. עס קאָן ניט זיין. עס האָט שוין לאַנג געקלינגען זיבן אַ זייגער. איך האָב אליין געהערט.

ה ע מ ד ל : ער האָט דאָך אים צוריקגערוקט, דער חכם.

ב ו ד : אַזאַ אומגליק, אַזאַ אומגליק. (ברעכט די הענט) ער וועט נאָך פאַרשפּעטיקן. איר וועט זען אַז ער וועט פאַרשפּעטיקן. מיר וועלן אַלע זיין שפּעט. וואָס טוט מען? גיט אַן עצה.

ה ו י ז ן : מיר זאָלן געבן אַן עצה ? דו ביזט דאָך עפּעס דער קלוגער באַ אונדז. אין דיר ליגט דאָך די גאַנצע תורה.

ה י ט ל : און די וועלט זאָגט אַז דאָרט וואו תורה, דאָרט איז חכמה.

ז אַ ק ן : (צו די שיך) געהערט ווערטער ? צי ווייסן מיר פון אַזעלכע זאַכן ?

ש י ך : וואָס איז דער חידוש ? זיי קומען זיך צונויף צווישן מענטשן, זעען אויס אַ וועלט. און מיר וואָס? שטענדיג געדריקט, דערנידערט.

ז אַ ק ן : ווער שמועסט זינט ער האָט אָנגעטון די לאַנגע הויזן, זעען מיר שוין גאָר ניט פאַר זיך די ליכטיקע וועלט.

ש י ך : איז טאַקע ניט גוט.

ה ע מ ד ל : אַ מצוה אויף אייך. ווער הייסט אייך זיין שיך־און־זאָקן.

ז אַ ק ן : זע, נאַר, זע, ווען עס געפעלט ניט ? דו ביזט שענער ?

ב ו ך : וואָס קומט ארויס פון אייער קריגן זיך. וואָס טוט מען בעסער מיט אים ? וואָס הויבט מען אָן צו טון ?

ב י כ ע ל ע : (לויפט אריין מיט א געוועין) בו־הו, עס איז שוין שפּעט . . . איך האָב מורא פאַר'ן לערער, בו־הו . . . מיר וועלן נאָך דאַרפן שטיין אין ווינקל, בו־הו !

ה י ט ל : דער עיקר איז ניט צו פאַרלירן דעם קאָפּ. מיט וויינען און מיט ברעכן די הענט וועלן מיר גאָרניט אויפטון. לאָמיר זיך נעמען טראַכטן וואָס צו טון.

ש י ך : (צו די זאָקן) וואָס מיינט ער טראַכטן ?

ז אָ ק ן : פרעגסט מיך ? פון וואַנען זאָל איך ווייסן ?

ה ו י ז ן : אודאי דאַרף מען טראַכטן. אָבער פריער דאַרף מען זיך אָוועקזעצן. אַז מען זיצט ניט קאָן מען ניט טראַכטן. לאָמיר זיך אַלע אָוועקזעצן און טראַכטן.

ב ו ך : צו וואָס דאַרף מען זיך אָוועקזעצן ? וואָס הייסט זיך אָוועקזעצן ? מען דאַרף זיך עפענען.

ב י כ ע ל ע : עפן מיך אויף וואו מען דארף. איך וויל אויך טראכטן.

שיך און זאקן: (קוקן זיך איבער און ציען מיט די פּלייצעס.)

ה י ט ל : דאָס איז שוין אַ קלייניקייט. זעצן זיך צי עפנען זיך, דער עיקר איז דאָס אונטערשפּארן דעם קאָפּ און טראַכטן.

ה ו י ז : ווייסטו וואָס? מיר וועלן זיך אַוועקזעצן, און דו וועסט טאָן דאָס איבעריקע. (הויזן זעצן זיך אין א וויכטיקער פּאָזע. היטל ליוגט צו א פינגער צום שטערן. העמדל קוקט ערנסט אריין אין בוך.)

ש י ך : (שטעלן זיך אויף די שפּיץ פינגער) לאָמיר זען ווי זיי טוען דאָס.

ז אָ ק ן : ווייס איך וואָס. עס וועט ניט העלפן. איך ווייס פריער אַז עס וועט דערפון גאָרניט אויסקומען.

ה ע מ ד ל : ש . . . ש . . . ! עס מוז זיין שטיל אַז מען טראַכט.

ש י ך : (צו די זאָקן) שאַ. עס מוז זיין שטיל אַז מען טראַכט.

ז אָ ק ן : עס וועט ניט העלפן.

ה י ט ל : (ערנסט) שוין. איר דאַרפט שוין מער ניט זיצן, הויזן.

ה ו י ז ן : (שטעלן זיך אויף) מיר דאַרפן שוין מער ניט זיצן.

ב י כ ע ר : (פאַרמאַכן זיך) מיר זיינען שוין אויך פאַרטיק.

( ש ט י ל )

ש י ך : נו?

ה ע מ ד ל : נו?

ה ו י ז ן : (צום היטל) נו?

ה י ט ל : איך דענק אַז . . . מיר דאַרפן אים אויפוועקן.

ש י ך : (צו די זאָקן) איר הערט? מיר דאַרפן אים אויפ־וועקן.

ה ו י ז ן : מיר דענקען אויך אַזוי. די בעסטע זאַך איז אויפוועקן.

ב ו ך : גוט, זאָל זיין אויפוועקן. עס ווערט שפּעט. טוט עפּעס.

ש י ד: לאזט מיך וועל איך אים א זעץ טון, וועט ער גלייך ארויס פון בעט.

ז אַ ק ן: (האלטן איין די שיד) עס וועט ניט העלפן.

ה ע מ ד ל: באלד וועל איך פאַרקאַשערן די אַרבל און אים דערלאַנגע אין זייט, וועט ער ארויסשפּרינגען פון בעט.

ב ו ד: די בעסטע זאַך וואָלט געווען אַז מיר זאָלן אויפמישן אויף זייט 27 און פון דאָרט אים איבערלייענען אַ פּאָר קלוגע ווערטער יואָס שטייט דאָרט געשריבן וועגן פויל זיין, וועגן שלאָפן שפּעט.

ה ו י ז ן: ניטאָ ווער עס זאָל לאַכן. ווייניק הערט ער זיך אַן שטראָף רייד פון זיין מאַמען, און עס העלפט אים ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. אַט זעט איר, אַנפּאַטשן ווי זיין טאַטע טוט, וואָלט גיכער ווי אַלץ געהאָלפן. איך ווייס וואו מען דאַרף פּאַטשן. איר דאַרפט אים נאָר צוהאַלטן.

ה י ט ל: פע, פּאַטשן גאָר. היינטיקע צייטן פּאַטשט מען ניט.

ה ע מ ד ל: וואָס דען טוט מען היינטיקע צייטן? דו ווייסט דאָך וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט.

ה י ט ל: היינטיקע צייטן וועקט מען אויף אַ קינד מיט מוזיק.

אַ ל ע: מיט מוזיק?!

ה י ט ל: יאָ, מיר וועלן אים זינגען אַ ליד. איר האָט אַלע געהערט וועגן אַ שלאָף ליד? מיר וועלן אים זינגען אַ שטיי־אויף ליד.

ז אַ ק ן: ווי געפעלט אייך אַ מעשה? מיט אַ ליד וועלן זיי אים אויפוועקן. עס נעמט אַן אַ געלעכטער.

ה ע מ ד ל: וואָס פאַרשטייט איר, זאַקן, אין אַזוינע זאַכן. מען זאָגט דאָך אייך אַז אַזוי טוט מען היינטיקע צייטן, דאַרפן מיר אויך אַזוי טון. קומט זינגען.

ב ל י י פ ע ד ע ר: (לויפט אריין אַן אָטעם) וואו זייט איר עס היינט? שפּעטער ווי אַלעמאָל. מיר קאָנען שוין אויך אייך אַזוי לאַנג ניט וואַרטן. עס איז שוין צייט צו שרייבן, מעקן, אַ ריר טון זיך.

הויזן: שאַ, שלאָג ניט איבער. מיר האַלטן אין זינגען אַ ליד. קאָנסט זינגען? שטעל זיך לעבן מיר וועל איך דיר אַרויס־העלפן.

בליפּעדער: צי איך קען זינגען? ווי געפעלט אייך אַ פראַגע? מיט וועמען דען שרייבט מען מוזיק אַז ניט מיט מיר? און וועמען מוז מען האַלטן אין האַנט אַז מען פירט אַ כאָר, אַז ניט מיך? שטעלט זיך אויס און קוקט אַלע אויף מיר. (הוסט זיך אויס. הויבט אויף די הענט) אַלע גרייט? איינס, צוויי, דריי:

(אַלע זינגען. בלייפעדער דיריגירט)

שטיי אויף, דו פוילער פּעפּער,
דער קוק האָט שוין געשפּילט.
שטיי אויף דו פוילער פּעפּער,
דער קוק האָט שוין געשפּילט.
קו, קו,
קו, קו,
דער קוק האָט שוין געשפּילט.

(בויגן זיך איבער צו זען צי משה'לע רירט זיך. ער שלאָפט ווי פריער. אַלע קוקן זיך איבער. שטעלן זיך ווידער אויס)

אַלע:

עס רוישט שוין אין די וועלדער,
דער קוק האָט שוין געשפּילט.
עס קלינגט שוין אין די פעלדער,
דער קוק האָט שוין געשפּילט.
קו, קו,
קו, קו!
דער קוק האָט שוין געשפּילט.

(קוקן זיך ווידער אום צו זען דעם עפעקט. משה'לע שלעפט אריבער די צודעק איבערן קאָפּ, און שלאָפט ווייטער.)

ז אַ ק ן : איך האָב פריער געוואוסט אַז עס וועט ניט העלפן.

ב ו ד : די היינטיקע נייע מעטאָדן זיינען נאָר שיין אויפן פּאַפּיר. מיינע שטראָף רייד וועלן גיכער ווירקן ווי אַ ליד.

ב ל י י פ ע ד ע ר : לאָזט אים. ער קאָן אַמאָל גוט אריינזאָגן.

ב י כ ע ל ע : לאָזט אונדז, לאָזט אונדז.

(ביידע ביכער שטעלן זיך צוקאָפּענס און פרעדיקן מיט ערנסטע מינעם).

גערענק מיין קינד, ווער עס איז פויל,
דער האָט גאָרניט אין מויל.

ש י ד : אַ קליג וואָרט.
ב י כ ע ר : (ווי פריער).

דער וואָס שלאָפט צופיל,
דער לעבט צו ווייניק.

(עס העלפט ניט.)

ב י כ ע ר : (שוין אביסל ברוגז.)

גיי, פוילער, צו דער מילב,
זע אירע וועגן, און לערן זיך אָפּ.

ב ל י י פ ע ד ע ר : (בייגט זיך אריבער צום שלאָפנדיקן אינגל)
אַ נייע וועלט היינט מיין פריינט. היינטיקע קינדער העלפט קיין מוסר ניט.

ה ו י ז ן : פאָלגט מיך. מיין מיטל איז נאָך היינט אויך

דער בעסטער. האַלט אים נאָר צו און איך וועל אים אָנפּאַטשן אויפן ריכטיקן אָרט. דאָס העלפט אַלעמאָל.

אַ ל ע : האַלט אים, האַלט אים, דעם פוילן! אריינצימבלען אים דאַרף מען!

ה י ט ל : (פאַרשטעלט זיי דעם וועג) איך וועל דאָס קיינמאָל ניט דערלאָזן. דאָס איז באַרבאַריש. היינטיקע צייטן פּאַטשט מען ניט קיין קינדער. און נאָך אין אַזאַ אָרט.

אַ ל ע : (טרעטן מורמלענדיג צוריק) גוט, זאָל זיין ווי דו זאָגסט.

ב ו ד : (נעמט ווידער שפּאַנען איבערן צימער און ברעכן די הענט) וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? מיר וועלן פאַרשפּעטיקן.

ב י כ ע ל ע : (טוט אַלעס נאָך, און וויינט) מיר וועלן פאַר־שפּעטיקן.

ה י ט ל : שוין ווידער דאָס ברעכן מיט די הענט און דאָס וויינען! שוין ווידער פאַרלאָרן דעם קאָפּ!

ה ו י ז ן : אפשר וועלן מיר זיך ווידער אָוועקזעצן און אַ טראַכט טון.

ה י ט ל : איך האָב שוין אויסגעטראַכט וואָס צו טון. אין עס־צימער הייגגט אַן אַלטער וואַנט זייגער. ער הייגגט שוין אויף דער וואַנט יאָרן לאַנג. ער האָט מיר אַמאָל דערציילט אַז ער האָט נאָך געוועקט משה׳לעס זיידע צו גיין אין חדר אריין. מיר דאַרפן נאָר ברענגען דעם וואַנט־זייגער אַהער. זאָל ער אים אויפוועקן.

ב ו ד : דאָס איז אַ קלוגע עצה. איך קאָן דעם אַלטן וואַנט־זייגער. ער איז ניט ווי די היינטיקע זייגערס. אויף אים קאָן מען זיך פאַרלאָזן.

ב ל י י פ ע ד ע ר : טאָ וואָס איז דאָ פאַראַן לאַנג צו רעדן. איך האָב ליב געזאָגט און געטאָן. ווער גייט מיט מיר ברענגען דעם וואַנט־זייגער.

ה ו י ז ן : איך זאָג זיך קיינמאָל ניט אָפּ פון גיין אַ גאַנג. קום.

(בלייפּעדער און הויזן גייען ארויס)

ז אַ ק ן : איך וועל זיך ניט שפּאַרן. זאָלן זיי גיין. אַבער איך ווייס פריער אַז עס וועט ניט העלפן.

ה ע מ ד ל : עס וועט ניט העלפן. עס וועט ניט העלפן. אַלץ די זעלבע טענה. אַז עס געפעלט ניט יענעמס עצות, גיט מען בעסערע.

ז אַ ק ן : איר האָט מיך דען געפרעגט? איר האָט מיך דען געלאָזט אַ וואָרט אויסרעדן? (באַליידיקט) מיך פרעגט מען קיינמאָל גאָרניט. איך קאָן קיינמאָל ניט אַ וואָרט אויסרעדן. נאָר איר שעמט זיך מיט מיר. נאָר איר פאַרשטעלט מיר די שיין. איך פאַרשטיי פונקט אַזוי ווי איר אַלע. איך קאָן זיך אויך אָנרופן אַ וואָרט ווען מען לאָזט מיך נאָר.

ב ו ד : שאַט, שאַט, אַט קומען זיי! מען טראָגט דעם וואַנט־זייגער! מאַכט אַ וועג!

(מען ברענגט דעם וואַנט־זייגער און מען שטעלט אים מיט גרויס דרך ארץ לעבן בעט).

וו אַ נ ט ־ ז י י ג ע ר : איי, איי, צוליב אַזאַ שנעק האָט מען מיך געדאַרפט מטריח זיין פון מיין וואַנט. דערלעבט צייטן. דער זיידע זיינער פלעגט שוין אין דער צייט לאַנג זיצן אין חדר און לערנען. ער וואַקסט אַ שגץ ווי דער טאַטע זיינער. יאָ, איך זע שוין אין ווענען ער איז געראָטן. מיט דעם טאַטען, מיט זיינעם, פלעגט אויך זיין צרות מיטן אויפוועקן ווען ער איז געווען אַ חדר־ אינגל.

ב ו ד : מיינע רייד. וואָס אַמאָל ווערט ערגער.

ב ל י י פּ ע ד ע ר : די צייט שטייט ניט. לאָמיר עפּעס טאָן.

וו אַ נ ט ־ ז י י ג ע ר : ווילט איר, הייסט עס, איך זאָל אים אויפוועקן? גוט. אַבער איר וועט מיר מוזן אונטערהעלפן. שוין

ניטאָ די אַמאָליקע יאָרן. מען ווערט עלטער און ניט יונגער. איי, איי, איך געדענק נאָך ווען דער זיידע זיינער . . . נאָר בעסער ניט דערמאָנען זיך אין יענע יאָרן. וועט איר מיר אַלע אונטערהעלפן אויסקלאַפּן: טיק־טאַק, טיק־טאַק! אַלע צוזאַמען: טיק־טאַק, טיק־טאַק!

אַ ל ע: (טוען ווי מען הייסט זיי, בלייפעדער דיריגירט).

װ ו אַ נ ט ־ ז י י ג ע ר: (זינגט דאָס ליד מיטן נאָמען „דער זייגער" פון י. קאַמינסקי, פון מיכל געלבאַרט'ס „קינדער זינגען".)

(נאָכן ערשטן פערז קוקן זיך אַלע איין אין שלאָפנדיקן קינד. יענער רירט זיך ניט. זינגט מען ווייטער).

(דער אַלטער זייגער ווערט שוין אויפגערעגט ווען דער פּעפּער שלאָפט זיך ווייטער. דעם לעצטן פּערז זינגט ער שוין זייער נערוועז, מיט וואַקלניש און אַ טרייסלן זיך).

(דער לעצטער טיק־טאַק ווערט איבערגע'חזר'ט עטלאַכע מאָל. וואָס אַ מאָל אַלץ מיט מער כעס, מיט מער ערגערניש. דער אַלטער זייגער וואָרפט זיך אַזוי שטאַרק, ביז ער פאַלט אום מיט אַ טראַך, אַלע לאָזן זיך אים מונטערן.)

מ ש ה: (הויבט זיך אויף אַ דערשראָקענער. רייבט די אויגן און קוקט זיך אַרום. דערקענט אַלעם אַרום זיך, נעמט ער זיך אויסציען מיט אַ צופרידענעם, אויסגערוטן שמייכל אויף די ליפּן) — פּיו. . . וואָס פאַר אַ חלום!

(ער נעמט זיך לאַנגזאַם אָנטון, און זינגט זיך אונטער דאָס ליד „אַ גוטער אינגל" פון הינדע געלבאַרט, אין בוך „זינגען קינדער" פון מיכל געלבאַרט.)